Rok I | Kraków, 20 sierpnia 1909 — קראקא, ג' אלול תרס"ט. | Nr 32




Żydowska gazeta illustrowana.

Wychodzi każdego piątku.

Prenumerata wynosi: Rocznie 10 K. — 5 Rbs. Półrocznie 5 K. — 2.50 Rbs. Kwartalnie K 2.75 = 1.50 Rbs.

Pojedynczy egzemplarz 20 h. = 10 Kop.

Redakcya i Administracya: Kraków, Grodzka 62.

Jüdische Illustrierte Zeitung.

ערשיינט יעדען פרייטאג.

אבאנאמענטס־פרייז: יעהרליך: 10 קראָנען, = 5 רובל. האלביעהריג 5 קראָנען = 2.50 רובל. פיערטעל יעהרליך 2.75 קראָנען, = 1.50 רובל.

איינצעלנע נומער 20 העללער = 10 קאפ.

אין אנדערע לענדער: יעהרליך 15 פראנק, האלביעהריג 7.50 פיערטעליעהריג 4 פראנק.

רעדאקציאן און אדמיניסטראציאן: קראקא גראדגאסע 62. טעלעפאן נר' 412.
עסטערר. פאסטשפארקאסען־קאנטא נר' 57,341.

הויפטפערטרעטונג פאר רוסלאנד: י. מערעצקי, ווארשא, כמיעלנא נר' 49. פיליע אין לאדז: פרזעיאזד נר' 16
הויפטפערטרעטונג פאר רומעניען: דאוויד הערצבערג, יאסי, סטר. סאראריע נר' 151.

# באנקרויב און מארד אין פיאומע.



באנקרויב און מארד אין פיאומע: סצענעס פון דעם שרעקליכען איבערפאל אויף דער באנק. רעכטס וענען אבגעבילדעט די דריי הויפטטהיילנעהמער: אברהם קריוויצקי, מיכאל ספעקטאר און פעטער ארלעוו.

# גראטיס־בייلאגע: די „הבדלה" נר' 4.

# דער שפאניש־מאראקא־נישע קריעג.

אין די לעצטע טעג איז אים שפאניש־מא־אקא־נישען קריעג נישט פארגעקומען קיין נייע צוזאמענ־שטויסע. די שפאניער האלטען זיך פערשאנצט אין די פעסטונגען און ווארטען אב פערשטארקונגען, וועלכע קומען אבער אן זעהר לאנגזאם. ביז איצט פערפינט גענעראל מא־ינא איבער קוים 30,000 מאן, וועהרענד ער ברויכט האבען ווענינסטענס 70,000, כדי צו קענען אויפ־נעהמען דעם אפענען קאמפף מיט די קאבילען.

די קאבילען האבען צע־שטערט די וואסערלייטונג פון מעלילא. אזוי איז די שטאדט אהן א טרינק־וואסער און מען מוז עס ב־ענגען פון שפאניען דאס איז פאר די שפאניער א גרויסע און שווערע אויפגאבע. א שפאניש שיף, וואס האט געפיהרט עסענווארג און מוניציע קיין מעלילא, איז אויף'ן וועג איבערגעפאלען און בערויבט געווארען פון קאבילען־שיפלעך. די שפאניער בעהערשען אפילו נישט דאס מעער מיט זייער פלאטע.

אין שפאניען גופא איז לעת־עתה רוהיג. דער קעניג איז צוריקגעפאהרען קיין סאן־סעבאסטיאן און דאס



מלחמה־געפאהר וועגען קרעטא : גריעכישע גרעניץ־זאלדאטען.

איז א סימן, אז מען האט פאר דער אינערער רעוואָ־לוציע שוין קיין מורא נישט.

דאגעגען איז די לאגע אין מעלילא זעהר ערנסט. לויט דער בעהויפטונג פון מאראקא־קענער, קעמפפען געגען די שפאניער אלע קאבילען־שבטים. וועלכע צעהלען בערך $1^1/_2$ מיליאן זעלען און קענען שטעלען 300,000 קריעגספעהיגע מענער אויף'ן שלאכטפעלד. קענען א זאל־כער מאבט וועלען די שפאניער מוזען אויפביעטען זייער גאנצע מיליטערישע מאכט. און אויך דעמאלט וועט דער קאמפף זיין זעהר שווער.

נצליך אין דיעזען קריעג פאר שפאניער האט זיך בעוויעזען זייער קריעגסלופט־באלאן. מיט וועלכען זיי קענען רעכצייטיג זעהן די שטעלונג פון די קאבילען און וויסען וואס צו טהון. דער קריעגס־באלאן, פון וועלכען מיר ברענגען א בילד אין היינטיגער נומער, ווערד אויך יערען טאג ארויפגעלאזט און די קאבילען האבען בעקו־מען א שטיקעל מורא פאר דעם „גרויסען ווילדען פוינעל"... דאס איז אבער די איינציגע שפאנישע נחמה, ואנסט האבען די שפאניער מורא פאר די קאבילען.

די שפאנישע זאלדאטען אים אלגעמיינען זענען גענ'ג טאפפער און מוטהיג. אבער די גאנצע ארגאני־זאציע פון דער ארמעע איז פעראלטעט און פע־פוילט. און איבער־דעם קענען זיי זיך מיט די ווילדע קאבילען קיין קצה נישט געבען.



מלהמה־געפאהר וועגען קרעטא : די אייראפעאישע קאנסטרוקטערע פון דעם ק־עטישען מ ליטער.

# לופט־באלאנס און פליעה־אפאראטע.

די וועלט הערט זיך נאר נישט אויף צו בעשעפ־טיגען מיט דער ערא־בערונג פון דער לופט דורך'ן מענש־ליכען פערשטאנד. פון טאג צו טאג מעהרען זיך די ער־פאלגע פון די לופט־באלאנס און פון די פליעה־אפא־ראטע, וואס ס'איז נעכטען נאך געוועזן דער גרעסטער רעקארד. איז היינט איבערגעטראפען דורך א נייעם רע־קארד. און דיעזער וועט שוין מארגען זיין בלויז א קינ־דערשפיעל געגען דעם נייעם רעקארד. וואס אנדערע לופטשיפער און מענשליכע פיינעל וועלען ערר״יכען.

אם מייסטען בעשעפטינט זיך די וועלט נאך אלץ מיט'ן גראף צעפעלין, וועלכער ערר״יכט אלץ גרעסטע רעקארדע מיט זיין באלאן. פאר צוויי וואכען האט ער אונטערנענימען א רייזע פון פריעדריכסהאפען ביז פראנק־פורט, וועלכע איז אבגעלויפען אהן א שום שטערונג. דעם אנדערן טאג לאזט ער זיך ארויס פון פראנקפורט קיין קעלן. אין מיטען וועג אבער מאכט זיך א ש־עק־ליכער ווינד און צום טראץ פון די גרעסטע אנשטרענ־גונגען קען ער די לופטשטרעמונג נישט בעוועלטיגען און מוז זיך אומקעהרען קיין פ־אנקפורט. דאביי איז דער בא־לאן אביסעל בעשעדינט געווארען.

אבער דער אלטער צעפעלין פערלירט נישט דעם מיטה. שנעל לאזט ער קומען זיינע מאנטע־ע פון פ־יעד־ריכסהאפען, דער באלאן ווערד רעפארירט און אין קוים עטליכע טעג שפעטער פליעהט ער שוין וויעדער קיין קעלן. דאסמאל אהן א שום מכשול. טויזענדער מענשען האבען איהם אין דער אלטען היסטא־ישען שטאדט אב־געווארט און געשפ־ונגען פאר פ־ייד. ווען דער באלאן האט ארומגעקרייזט דעם הויכען קעלנער דאם פון אלע זייטען, דערנאך איז דער באלאן געלאנדעט גלאט און רוהיג און די בעפעלקערונג האט צעפעלין'ן בעגריסט ווי א גרויסארטיגען העלד.

מינדער גליקליך איז געוועזן זיין קאנקורענט פאר־סיוואל. אויך ער האט געוואלט אונטערנעהמען א רייזע פון פ־אנקפ־רט קיין קעלן. אויף'ן וועג אבער איז דער באלאן אביסעל בעשעדיגט געווא־ען און ער האט זיך געמוזט אומקעהרען. ביים אריינפליעהען אין דער באלאן־האלע איז דער באלאן צונעדריקט געווארען צו דער וואנד, מיט אזעלכער ק־אפט. אז ער איז אים גאנצען געפלאצט. עס וועט דויערן וואכען, ביז מען וועט איהם וויעדער פערריכטען.

א איטאליענישער לופטשיפער האט דיעזע וואך עררייכט דעם ג־עסטען רעקארד מיט דעם פליעהען אין דער הייך. ער איז געמליך מיט זיין באלאן אריבערגע־פלויגען דעם בארג מאנטבלאנק, וועלכער איז בערך 5000 מעטער הויך, און אזעלכער העהע איז נאך קיין שום באלאן געפלויגען.

אויך בלעריאט און ווריינט האבען בעקומען א נייעם קאנקורענט, וועלכער האט געשלאגען זייער רע־קארד, דער פ־אנצויזישע לופטשיפער סאמער האט זיך פאריגע וואך מיט זיין פליעה־אפאראט געהאלטען 2 שעה



יאפאן און חינא : דער בוי פון דער כאהנשטרעקע אנטונג־מוקדען.



קעניג עדוואַרד אין מאַריענבאַד: דער קעניג אויף'ן שפּאַציער־גאַנג און ביים קרייצברונען

50 מינוט אין דער לופט; ער האט דאמיט ערייכט דעם גרעסטען צייט־רעקאָרד פון די פליעה־אפּאַראַטען.

אט אזוי דערלעבען מיר טאג־טעגליך נייעס אויף דעם געביעט פון דער פליעה־טעכניק. דער טאג איז נישט מעהר ווייט, ווען די מענשען וועלען אים גאַנצען בעהערשען די לופט.

# מלחמה־געפאהר וועגען קרעטא.

דער ספסוך וועגען קרעטא הערט נישט אויף צו בעשעפטיגען די פּאָליטישע וועלט. אין דער טירקיי איז די פאָלקסבעוועגונג פאר א קריעג גאר שטאַרק און די רעגיערונגסקרייזע מוזען רעכענען דאמ'ט און ווענינסטענס דראהען מיט'ן שווערד אין דער האַנד.

גריעכענלאנד אָבער האט צום קריעג גאר קיין חשק נישט. אויף אלע טירקישע טענות ענטפערט עס מיט גרוים הכנעה: „לאו בעל־דברים דידי את! וואס טשעפּעסט דו דיך איינענטליך צו מיר? דער גורל פון קרעטא ליעגט אין די הענד פון די מעכטע, זיי האָבען די אינזעל בעזעצט ביז איצט. זיי זאָלען זיך אויך ווייטער וועגען איהר קימערן.

פון דער פּרינציפּיעלען זייט בעטראַכט, האט גריעכענלאַנד טאַקי רעכט. אין אמת'ן אבער איז עס קיין סוד נישט, אז דאָס צוריקציעהען פון די אייראָפּעאישע טרופּען פון קרעטא איז געשעהען איבער דעם פערלאנג פון דער גריעכישען רעגיערונג. שוין אים פאָריגען זומער, ווען עסטערייך־אונגאַרן האָט אַנעקטירט באָסניען־הערצעגאָווינא און בולגאַריען האט זיך זעלבשטענדיג געמאכט, האט אויך גריעכענלאנד געוואָלט מאַכען האַפּ־לאַפּ און צונעהמען קרעטא. ענגלאנד און פראַנקרייך אָבער האט אבגעראָטהען דאפון, זאָגענדיג גריעכענלאַנד: „זיי דו נאָר אַ בראַוו קינד! מיר וועלען שוין טראַכטען, עס זאָל דיר קשיוועס נישט געשעהען!“ גריעכענלאנד האט געפאָלגט און איז געזעסען באַלד אַ גאַנץ יאהר רוהיג און געוואַרט, די מעכטע זאָלען ערפילען זייערע הבטחות. זעהענדיג אבער, אז ענגלאַנד און פראנקרייך האָבען גאר פערגעסען אין דעם שטילען בראַווען קינד, האט עס אנגעהויבען צו דערמאָנען זיין רעכט. און די מעכטע האבען גערייטט די אינזעל, רעכענענדיג, אז איצט וועלען זיך די קרעטענזער אליין פעראייניגען מיט גריעכענלאנד און אלסדינג וועט אבלויפען בשלום.

אבער אין דעם פונקט האבען זיי געהאַט אַ טעות. די יונגטירקען פיהלען זיך אים לאנד נופא נישט בעזונדערס שטאַרק. די אינערע פּאָליטיק איז שטארק פערפאָהרען, נישט אַריין און נישט אַרויס. ווילען זיי זיך העלפען מיט אויסווערטיגע פערוויקלונגען — אַן אַלט רעצעפּט, וועלכעס העלפט אבער נישט תמיד — און פּראָוואָצירען א קריעג מיט גריעכענלאַנד... כדי דעם קריעג צו פערמיידען, מוזען זיך מעכטע ווידער אריינמישען און היסען די קרעטענזער אבווארטען אַ בעסערע שעת־הכושר...

לויט די לעצטע ידיעות האט די קרעטענזישע רעגיערונג רעזיגנירט, ווייל זי איז אין דער פראגע פון דער פעראייניגונג מיט גריעכענלאנד צו ווייט געגאנגען און עס וועט ערנאנט ווערען א נייע רעגיערונג, וועלכע וועט די טירקיי נישט מעהר רייצען. די גריעכישע פאהנען זענען פון די פעסטונגען אראבגענומען געוואָרען און די מעכטע וועלען אפשר ווידער אַרויסשיקען אויף דער אינזעל אַ טהייל פון זייער מיליטער. בזה האופן וועט אפשר דער קריעג זיך לאָזען פערמיידען — ווען די טירקען וועלען זיך נישט זוכען נייע פּרעטענסיעס, כדי דוקא ארויסצורופען אַ בלוטיגען קאָנפליקט, וועלכען זיי בענויטהיגען פאַר זייערע אינערע פּאָליטישע אינטערעסען.

# כינא און יאפאן.

זייט דעם לעצטען רוסיש־יאפּאַנישען קריעג הערען כסדר נישט אויף די שמועות, אז יאפאן וויל אויסברייטען זיין הערשאַפט איבער אַזיען, באלד הייסט עס, אז יאפאַן זוכט די געלעגענהייטען, אנצוהייבען א קריעג מיט די פעראייניגטע שטאַאַטען פון נאָרד־אַמעריקאַ, וועלכע עס וויל אַרויסטרייבען פון די פיליפּינען־אינזלען, ווייל דיעזע אינזלען געהערען צו אזיען און די אַמעריקאַנער האבען דאָ'ט נישט וואָס צו טהון.

באַלד ווערער הערט זיך, אז די יאפּאַנער גרייטען זיך אן צו אַ קריעג מיט רוסלאַנד און מאַכען אַלע הכנות דאַצו, כדי ביי אַ פּאַסענדע געלעגענהייט איבערצופאַלען וולאַדיוואַסטאָק און צוצונעהמען ביי רוסלאַנד זיינע בעזיצונגען אין יענעם ווינקעל.

באַלד ווידער דערצעהלט מען זיך, אַז יאפּאַן האט חשק אינטערצוּמאַכען כינאַ, כדי צו בילדען אין מורח־אזיען אַ איינהייטליך גרויסע ממשלה, וועלכע וועט פערפיגען איבער 400 מיליאָן איינוואהנער און וועט זיין בכח, צו פערטרייבען אַלע אייראפּעער פון אַזיען.

ווי ווייט אַלע דיעזע שמועות האבען עפּיס אַ יסוד, לאזט זיך נאַטירליך נישט בעאורטהיילען. די יאפּאַנער זענען ביי זייער גרויסען שאוויניזמוס נישט קיין נאראָנעס, זיי ווייסען גאַנץ גוט, אז אַמעריקאַ איז נישט רוסלאַנד און מיט די אַמעריקאַנער איז נישט אַזוי גרינג קריעג צו פיהרען, אפילו רוסלאַנד וועט אפשר אַ צווייטעס מאל זיך בעסער איינאַרדענען און פּאַרבערייטען און דעמילט וועט דער זיעג נישט אנקומען אַזוי גרינג.



דער שפּאַניש־מאַראָקאַנישער קריעג: דער שפּאַנישער קריעגס־באַלאָן.

נאר בנוגע צו כינאַ האבען אפשר די יאפּאַנער רעכט. דאָס געוואַלטיגע כינעזישע רייך וויל עפּיס נישט אויסשטעהען פון זיין הונדערטיעהריגען שלאף און אַלע נאַכריכטען איבער איינפיהרונג פון מאָדערנע רעפאָרמען אין דיעזען לאַנד בעשטעטיגען זיך נישט. און אַזוי ווי די יאפּאַנער זענען די נאהענסטע שכנים פון די כינעזען און אויך זייערע קרובים בנוגע צו ראַסע און רעליגיע, קען טאַקי זיין, אז זיי ווילען נעהמען דאָס גרויסע רייך אין זייערע הענד און עס רעפאָרמירען ביד־חזקה, כדי צו בילדען אַ שטאַרקען שוין קענען די איבערגריפע פון די אייראָפּעאישע ממשלות.

און איבערדעם קען מען פערשטעהען, פאר וואס די יאפּאַנער נעהמען אַזוי ערנסט פאַר וועגען דעם באַהן־בוי פון אַנטונג קיין מוקדען. דער בוי פון דיעזער באַהן איז די יאפּאַנער בעווילינט געוואָרען אין דער יאַפּאַניש־כינעזישען אבמאַכונג נאָך'ן רוסיש־יאפּאַנישען קריעג, נאָר כינאַ האט ביז איצט געצענערט צו ערטהיילען די פאָרמעלע קאָנצעסיע. יאפּאַן, מיעד ווערענדיג די כינעזישע פערשלעפּונגען, האָט אָנגעהויבען צו בויען די באַהן נעגען דעם פּראָטעסט פון די כינעזער, וועלכע בעלאַגערן די שטרעקע און ווילען נישט דערלאָזען דעם בוי, בעהויפּטענדיג, אז די יאפּאַנישע רעגיערונג האט פון די כינעזישע



לופטבאלאנס און פליעה־אפּאַראַטע: דער לופטשיפער פאַרמאַן אויף זיין פליעה־אפּאַראַט.



דער גענעראל-שטרייס אין שוועדען: א פערזאמלונג פון די שטרייקענדע.

בויערן צוגענומען די גרונדשטיקע, אויף וועלכע די ליניע זאל ווערען געבויעט, פאר א צערבראכענעם שילינג.

אויב כינא וועט געפונען נענונ כח, זיך צו פיזפען וועהרען קענען דעם יאפא־נישען פארנעהען, קען טאקי קומען צו א קריעג. וואס ווענען זיין סוף איז פאר יעדען קיין שום ספק נישט. נאר, ווי ס׳זעהט אויס איז דאס גרויסע פערשלאפענע כינא אזוי שווערפעלינ, אז עס וועט זיך אבווישען דאס מויל און שווייגען.

# קאנפערענץ פון די טעריטאריאליסטען.

די טעריטאריאליסטען האבען פאר־רינען מאנאט אבגעהאלטען אין לאנדאן א קאנפערענץ, אין וועלכער ס׳האבען אנ־טהייל גענומען 47 דעלעגירטע פון ענגלאנד, עסטעררייך, בעלגיען, פראנקרייך, דייטשלאנד, האלאנד, רוסלאנד, זיד־אמעריקא און שווייץ.

די קאנפערענץ האט ערעפנעט דער פיהרער פון די טעריטאריאליסטען, ישראל זאנגוויל, מיט א גרויסע רעדע, אין וועלכער ער האט בעריכטעט איבער דער טהעטיגקייט פון דער ענגלישען טעריטאריאליסטען־סעקציע.



גענעראל-שטרייק אין שוועדען: מיליטער בעפערדערט א מילך-וואגען אין שטאקהאלם.

ער. זאנגוויל, האט 4 מאל געהאט אינטערערדונגען מיט׳ן ענגלישען מיניסטער־פרעזידענט, ווי אויך מיט אנדערע מיטגליעדער פון מיניסטארען־קאבינעט. עבענזא מיט הער־פארראגענדע מענער פון דער געשעפטס־ און פינאנצוועלט, אזוי אז צים ערשטען מאל אין דער וועלטגעשיכטע איז געשאפען געווארען א קלאר בילד איבער די לאגע פונ׳ם יודישען פאלק אין אלע לענדער.

די בעראטהונגען פון דער קאנפערענץ זענען גע־ווען געהיים. מען קען אלזא נישט די איינצעלהייטען פון דער דיסקוסיע. נאר אזוי פיעל איז בעקאנט, אז ס׳איז געווארען בעשלאסען, די ארבייט ווייטער פארטצוזעצען ווי ביזהער. זאנגווילס בעריכט איבער די מעגליכקייט פון א קאלאניזאציע אין מעזאפאטאמיען (ארם־נהרים), ווי אויך איבער זיינע פערבינדונגען מיט די אנדערע קאלאניזאציאנס־געזעלשאפטען איז אנגענומען געווארען מיט גרויס בע־פריעדינונג.

די קאנפערענץ האט ווייטער בעשלאסען, אז די טעריטאריאליסטישע ארגאניזאציעס זאלען זיך אינטערע־סירען מיט דער רעגוליערונג פון דער אלגעמיינער יודישער עמיגראציע.

מיר ברענגען אין אונזער היינטיגער נומער א פאנ־מאנראמיש בילד, פארשטעלענדיג א גרופע פון טעריטא־ריאליסטישע פיהרער אויס אלע לענדער.

# די יודען אין פערזיע.

די פאליטישע ערייגניסע אין פערזיען האבען ווידער דערמאנט די יודישע וועלט, אז אין פערזיען גע־פונט זיך א היבשע צאהל יודען, וואס לעבען דא־ט אין מאטעריעלען עלענד און פאליטישער קנעכטשאפט.

אים נעגענזאץ צו די פלעגמאטישע און גוטמוטהיגע טידקען זענען די פערזער גרויסע פאנאטיקער און פון צייט צו צייט קומען פון דארט ידיעות איבער שרעקליכע יודען־פערפאלגונגען און עקסצעסע; זייער לאגע איז אזוי שווער, אז זייט עטליכע יאהרען וואנדערן זיי וואס א מאל מעהר אויס און זייער צאהל ווערד כסדר קלענער.

אים אלגעמיינען ניבט עס איצט אין פערזיען בערך 50 000 יודען, וועלכע לעבען צומייסט אין די גרעסערע שטעדט.

די 4 גרעסטע יודישע געמיינדען געפונען זיך אין טהעראן, איספאהאן, שיראס און האמאראז. נעראדע דיעזע שטעדט האבען דורך די לעצטע ערייגניסע שטארק געליטען און אויך די יודען האבען בעקומען זייער חלק...

די מאטעריעלע לאגע פון די פערזישע יודען איז זעהר א טרויריגע, ווי גרויס די ארימקייט איז, קען מען דאפון זעהען, אז אין קאסאן זענען בעשעפטיגט 300 יודישע מיידלעך אין שפינערייען און וועבערייען און פער־דיענען ביז צו 20 פעניגע א טאג... דאס איז אפער שוין א גליק פאר זייערע עלטערן.

פאליטיש האבען זיי נאר קיין רעכטע. ווי איבער־הויפט עקסיסט ירט ביי די שטענדיגע פאליטישע פער־ווירונגען אין פערזיען קיין שום רעכט און קיין געזעץ.

יעדער גובערנאטאר, יעדער הייפטלינג טהוט וואס ער וויל, און אזוי ווי פאר יודען נעמט זיך קיינער נישט אן, איז זייער לאגע נאך טרויריגער פון דער איבריגער בעפעלקערונג.

אויך קולטורעל שטעהען זיי זעהר נידריג, זא־וואהל אים יודישען ווי אויך אים אלגעמיינען. עס עק־סיסטירען פערשיעדענע ישיבות און תלמוד־תורות, אבער זיי געפונען זיך אויף זעהר א גיעדריגער שטופע. בנוגע אלגעמיינער בילדונג בעשטרעבט זיך די פאריזער אלליאנץ זייט יאהרען, דארט צו האלטען פאלקסשולען, פאר וועלכע זי פערווענדעט יעהרליך איבער 100,000 פר.

די „אליאנץ" נעמט זיך אויך אן די קשיורע פון די פערזישע יודען בשעת פערפאלגונגען און די פראנצעזישע קאנסולען האבען שוין פון לאנג בעקומען דעם אויפטראג פון דער פראנצעזישער רעגירונג, זיי זאלען זיך תמיד אננעה־מען פאר די יודען, ווען ס׳געשעהט זיי עפ׳ס אן אונרעכט.

העלפען העלפט דאס אבער נישט פיעל. די צענט־ראלע בעהערדען, צו וועלכע די קאנזולען ווענדען זיך, זאגען צו אלסדינג צו פערריכטען. עס פעהלט זיי אבער די מאכט און דער ווילען, זייערע פערשפרעכונגען צו האלטען.

אין רעליגיעזער בעציעהונג זענען די פערזישע זעהר פרום; זיי האלטען נאך פון פיעל אלטע מנהגים, וועלכע זענען ביי אונז יודען אים גלות שוין לאנג בטל געווארען, למשל קרבן־פסח וכדומה,



א מערקווירדיגע עהנליכקייט: צאר ניקאלויס און דער ענגלישער קראנפרינץ.

# אים הארעם פונ'ם סולטאן.

## אריגינאל־ראמאן פון דער יונגסטער צייט.

### ערשטעם קאפיטעל.

### ביי נאכט אנטלאפען.

א פינסטערע, שווארצע נאכט.

דוכטע, דונקלע וואלקענס בעדעקען דעם הימעל. די לבנה האט זיך בעהאלטען און קיין שטערנדעל איז ווייט און בפרייט צו זעהען. א קאלטער, פייכטער ווינד בלאזט צווישען די ביימער פון דעם גרויסען וואלד און זייערע צווייגען שאקלען זיך ווי מורא'דיגע שאטענס. עס איז איינע פון יענע נעכט, וואס מאכען אויף יעדען א אימה'דיגען איינדרוק.

אויף דעם שמאלען וועג, צווישען צוויי רייהען געדיכטע ביימער, פאה'ט אים שנעלסטען גאלאפ א געדעקטער וואגען געשפאנט מיט צוויי יונגע, שטארקע פע־ד.

שטיל פאהרט דער וואגען אויף זיינע גומי־רעדער. אין דעם פייכטען באדען הערט זיך אפילו נישט דאס שטאמפען פון די פייערדיגע פערד. נאר פון צייט צו צייט צערייסט זייער הוזשען די שרעקליכע שטילקייט.

אינ'ם וואגען זיצען איינגעהילט אין ווארמע מענטעל און איינגעטוליעט אין איינאנדער א יונג מעדכען און א מאן אין די מיטלערע יאהרען.

— ס'איז דיר קאלט, ליעבע אננא? — שעפטשעט דער מאן צערטליך — ס'איז דיר קאלט? טוליע דיך בעסער צו צו מיר. וועסטו דיך דערווארעמען...

– ניין, ליעבער יאזעף! — פרעסט זי ארויס צווישען די צייהן — קאלט איז מיר נישט. איך בין נאר זעהר אונרוהיג... ווער ווייסט, וואס מיינע עלטערן טהוען איצט? אפשר זענען זיי שוין געוואהר געווארען, אז איך בין אנטלאפען...

— נעה, זיי קיין נארעלע — זאגט ער און דרוקט א קוש אויף איה־ע צי־טערנדיגע ליפען — זיי שלאפען איצט געשמאק און ווייסען נאך פון גאר נישט. ערשט מארגען אין דער פריה וועלען זיי זעהען, אז דו ביזט נישטא אין דער היים...

— און דעמילט וועלען זיי פערליערען דאס לעבען פאר צער און פערצווייפ־לונג! — מורמעלט זי מיט א וויינענדיגען קול.

— אמת, זיי וועלען זיין א ביסעל אויפגערעגט — ענטפערט ער -- אבער באלד מארגען, ווען מיר וועלען נאר אנקומען צו מיר א היים, וועסטו זיי טעלעגרא־פירען, אז זיי ב־ויכען זיך נאר נישט זא־גען און זיי וועלען זיך באלד בערוהיגען...

— דו האסט רעכט! — זאגט זי — אבער איך בין עפיס אזוי אונרוהיג... ביז זיי וועלען בעקימען די דעפעשע, קען ווער ווייסט וואס געשעהען!...

— האב קיין מורא, מיין ליעב קינד — ענטפערט ער — עס וועט חס־וחלילה גאר קיין שלעכטס נישט געשעהען... די פערד פאהרען זעהר שנעל. איך האף, אז מיר וועלען נאנץ פריה שוין זיין אין דער היים... איבריגענס איז דאך פאר אונז קיין אנדערער וועג נישט געבליעבען, אויף אנ'אנדערן אופן וואלטען מיר זיך נישט געקענט פעראייניגען. דיינע עלטערן וואלטען דאך בשום־אופן נעוואלט צושטימען, דו זייער איינציגע טאכטער, זאל חתונה האבען מיט א „יודישען גוי", ווי אזוי זיי פלעגען מיך רופען! די ליעבע פאדערט פון יעדען קרבנות! און אויך דו מוזט איהר ברענגען א קרבן!

— דאס ווייס איך — זאגט אננא — און איך האב דאס קרבן אויך גע־ברענגט מיט ענטשלאסענהייט... מיינע עלטערן וועלען עס מיר בודאי נישט אזוי גיך מוחל זיין, וואס איך בין אנטלאפען פון זייער הויז ווי א גנב אין מיטען דער נאכט...

— בערוהיג דיך, מיין טהייערע — פיופט ער זי צו ט־ייסטען — לעהן דיך אן אין דעם קישעלע און שלאף א ביסעל... וועסט דיך אויסשלאפען, וועסטו קו־מען אויף אנדערע מחשבות...

אננא פיופט איינצוויקלען איהר קאפ אין קישעלע און אנדרימעלט צו ווערען. יאזעף ויצט רוהיג נעבען איהר, מיט א צופריעדענעם שמייכעל אויף זיינע ליפען. ס'איז נאר א גליק פאר אננא, וואס די נאכט איז אזוי פינסטער און זי קען איהם נישט זעהען. זאנסט וואלט זי אפשר תיכף דערקענט, אז זיין פערהעלטנים צו איהר האט מיט דעם ווארט „ליעבע" נאר ווייניג שייכות...

די פערד יאגען ווייטער אים גאלאפ. דער וואגען בעוועגט זיך רוהיג און גלייכמעסיג ווי א וויעגעלע. אבער אננא קען נישט שלאפען. פאר איהרע אויגען פליעהען פאר־ביי פערשיעדענע בילדער און אין איהרע געדאנקען לעבט זי נאך א מאל דורך די ערא־יגניסע פון די לעצטע וואכען.

זי איז א בת־יחידה צו איהרע עלטערן, פרומע, פראסטע יודען אין א קליין ליטוויש שטעדטיל. זיי האלטען א איינפוהר־הויז, אנ'ארט אכסניא, און ציעהען דאפון די חיונה בכבוד. רייך זענען זיי נישט, אבער עס פעהלט זיי ברוך־השם קיין שום זאך.

זייער בת־יחידה האבען זיי ערצויגען פער־צערטעלט, וואס זי האט פערלאנגט איז תמיד געשעהען. חנה'טשע, — אזוי פלעגען זיי זי רופען — האט געלעבט ווי א פרינצעסין.

די וועלט קען זי ווייניג. אין דעם קליינעם שטעדטיל איז דאס לעבען מאנא־טאן, לאנגווייליג. איהרע עטליכע חבר'טעס, מיט וועלכע זי פלעגט פערקעהרען, האבען אויך נישט פיעל מעהר געוואוסט פון דער וועלט, ווי זי.

אין די לעצטע צוויי יאהרען איז אבער אין דעם שטעדטעל געווארען א איבער־קעהרניש. די גרויסע בעוועגונג, וועלכע האט ערשיטערט גאנץ רוסלאנד, האט אויך אונזער שטעדטעל נישט פערשוינט. דאס עלטערע דור האט זיך בעהאלטען אין די לעכער פאר דער נייער בעוועגונג. דאס יונגע דור אבער וואדפט זיך אין איהר אריין מיט א וועלטענער בעגייסטערונג און פאנאטיזם.

חנה'טשי בעקומט געלעגענהייט, זיך צו בעקענען ביי איינער פון איהרע חבר־טעס מיט א פיה־ער פון דער בעוועגונג. ער גיבט איהר צו לעזען פערשיערענע ביכלעך און בראשורען, וועלכע פערווירען איהרע מחשבות און פערדרעהען איהר דעם קאפ. רוסיש לעזען האט זי שוין פון פריהער געקענט.

באלד ווערד זי א אייפריגע לעזערין פון פערשידענע צייטונגען און זשורנא־לען, ראמאנע און געדיכטע. נאטירליך אלסדינג אהן דעם וויסען פון איהרע עלטע־ן, וועלכע זענען אזוי פער'טרוד מיט זייער פרנסה או זיי געפונען נאר קיין צייט זיך צו קימערן, מיט וואס זייער בת־יחידה פערברענגט איהרע טעג אין איהר בעוונדערען צימער'ל.

און אזוי זענען פאר חנה'טשי, — וועלכע הייסט שוין איצט אננא — אריבער א צוויי יאהר און זי איז נאר אנ'אנדערער מענש געווא־ען. איהרע פריהערדיגע צו־פריעדענהייט, איהר רוהיג גליקליך לעבען איז פערשוואונדען. איצט איז איהר מוח פול מיט מחשבות, איהר הארץ מיט א בענקעניש צו עפיס א מין זאך, וואס זי קען דאס נאר נישט דעפינירען.

בלויז איין זאך איז איהר געבליעבען פון פריהער: איהר בלענדענדע שענקייט! ווי א רויז האט זי אויפגעבליהט און מיט איהרע דונקלע גלענצענד־פייכטע אויגען האט זי יעדען פערכשופ'ט.

אננא איז געווען א אמת'ע שענהייט, אהן יעדען פעהלער. איהר הויכע, שלאנקע געשטאלט, איה־ע שווארצע געדיכטע האר, איהרע קארשען־ליפען, איהר ווייסער האלז — אלעס איז געווען ווי ביי דער שולמית פון שיר־השירים...

פאר צוויי חדשים איז אנגעקומען א פרעמדער מאן אין איהר שטעטעל, וועלכער האט גענומען א צימער אין דער אכסניא פון איהרע עלטערן, יאזעף טאמא־שעווסקי האט ער זיך גערופען און אנגעגעבען, אז ער איז א פאדראטשיק און ער איז אהער געקומען אנקוקען די גרויסע וועלדער אין דער אומגעבונג, וועלכע ער וויל אבקויפען...

יאזעף טאמאשעווסקי איז געווען א שענער, שטארקער מאן, אין די מיטעלע יאהרען, אזוי בערך 38—40 יאהרען. ער איז שטענדיג געגאנגען רייך געקליידעט, מיט א שווערער גאלדענער קעטע אויף דער ברוסט, בריליאנטענע רינגען אויף די פינגער, א בריליאנטענע נאדעל אין דער קראוואטע און א פולען טייסטער געלד אין קעשענע.

האטשי חנה'טשי — אדער פ־ייליין אננא — פלעגט זעלטען קומען אין דער אכסניא אריין, האט יאזעף טאמאשעווסקי עס דאך פערשטאנען, זיך מיט איהר תיכף צו בעקענען. צוערשט האט ער זי בעדויערט, וואס אזא רויז, וואס נראפען און פירסטען וואלטען איהר געלעגען ביי די פיס, בליהט דא אין א פערשאלטען ווינקעל איינזאם און פע־לאזט. דערנאך, זעהענדיג, ווי אננא הייבט שוין אן אליין צו זוכען געלעגענהייט מיט איהם צוזאמענצוקומען, איז ער געגאנגען א שריט ווייטער און ווייטער, ביז ער האט איהר פאר צוויי וואכען ערקלער־ט זיין ליעבע, וועלכע זי האט ערווידערט מיט דעם גאנצען פלאם פון איהר בעגייסטערטען יוגענד־פייער.

אננא קען אבער צו גוט איהרע עלטערן, און זי ווייסט, אז זיי וועלען בשום אופן נישט וועלען זיך געהמען פאר איין איידים א מענש, וואס האט אפילו קיין יודישען פנים, אפט פלעגט זי הע־ען דעם פאטער זאגען צו דער מוטער: „דער נאספארין טאמאשעווסקי איז א גאנץ גוטער גאסט. ער צאהלט גוט און מען קען ביי איהם ארויסבעקומען א חיכשע מטבע, אבער ס'איז דאס גאר קיין שום מענש נישט, נישט קיין יוד, נישט קיין גוי — א מגושם'דיגע בריאה!"

זי מאכט דאפון קיין סוד נישט און אויך טאמאשעווסקי גיבט איהר צו פער־שטעהען, אז עס איז נאר קיין האפנונג נישט פאראהאנען, איהרע עלטערן זאלען צושטימען צו זייער פערבינדונג.

מיט דריי טעג צוריק ערקלערט איהר טאמאשעווסקי, אז ער האט שוין זיינע געשעפטליכע אנגעלעגענהייטען אין שטעדטעל ערלעדיגט. די וועלדער וועט ער נישט קויפען, ווייל מען פערלאנגט פון איהם צו פיעל געלד און די וועגען זענען שלעכט.

אַזוי אַז דאס אַרויספיהרען פון דעם נעהיליץ וועט קאסטען צו טהייער, ער קען איבערדעם דאָ נישט מעהר בלייבען און וועט מאַרנען אַ היים־פאָהרען...

— און וואס וועט געשעהען מיט מיר? — בּרעכט אננאַ אויס מיט אַ נעוויין — איך זאָל דאָ בלייבען אַליין, עלענד ווי אַ שטיין?

— הער מיך אויס, ליעבע אננאַ — זאָגט טאמאַשעווסקי — אויב דיין ליעבע צו מיר איז ווירקליך אַזוי שטאַרק ווי איך גלייב, איז פאַר אונז פאַראַן בלויז איין וועג: דו מוזט פערלאַזען דיינע עלטערן אויף אַ קורצע צייט און פאָהרען מיט מיר אין מיין היים. דאָרט וועלען מיר חתונה האַבּען „כדת משה וישראל" און דערנאָך וועלען שוין דיינע עלטערן מוזען מסכים זיין...

— אַנטלויפען פון מיינע עלטערן! — רופט אננאַ דערשראָקען.

— נאַריש קינד! — פרופט טאמאַשעווסקי זי צו בערוהיגען — דער געדאַנק איז נישט אַזוי שרעקליך ווי דו מיינסט, דו ביזט נישט די ערשטע און וועסט נישט זיין די לעצטע. וואס טהוט אַזוי! דאס אַנטלויפען איז איבּערגענומען בלויז אויף עטליכע טאָג. קוים וועלען מיר חתונה האַבּען, וועסטו תיכף שרייבען צו דיינע עלטערן און אַזוי ווי זיי האַבּען דיך ליעב, וועלען זיי דיר אַלעס מוחל זיין...

אַ צייט לאַנג פרופט אננאַ זיך צו וועהרען נעגען דעם פּלאַן. אין איהר יונג האַרץ שפּיעלט זיך אָב אַ שרעקליכער קאַמפּף צווישען איהר ליעבע צו איהרע עלטערן און איהר ליעבע צו טאמאַשעווסקי'ן.

שליעסליך זיגט טאמאַשעווסקי און אננאַ איז מסכים אויף טאמאַשעווסקי'ס פּלאַן.

נאָך דעם זעלבען טאָג האָט טאמאַשעווסקי בעצאָהלט זיינע רעכנונגען אין דער אכסניא און איז אַוועק געפאָהרען.

דער פּלאַן איז בעשטאַנען דאַרין, אַז ער זאָל צוויי טאָג שפּעטער אין מיטען דער נאַכט פערפאָהרען מיט אַ וואַגען צום שטעדטעל. דער וואַגען זאָל בלייבען אויסער דער שטאָדט און טאמאַשעווסקי זאָל אננאַ'ן אַבּוואַרטען פאַר איהר הויז. זי וועט שוין שטעהן אָנגעטהאָן ביים פענסטער פון איהר צימער און קוים וועט זי איהם דערזעהן, זאָל זי תיכף אַראָבּגעהן.

און אַזוי איז אויך געשעהן. געגען האַלבּער נאַכט, איהרע עלטערן און דאס גאַנצע הויזגעזינד האָבּען שוין געשלאָפען, האָט זיך בעוויזען טאמאַשעווסקי'ס געשטאַלט פאַר איהר פענסטער און אננאַ איז שטילערהייט אַראָב געגאַנגען, איינגעהילט אין אַ שווערען לאַנגען מאַנטעל.

שווייגענדיג בעגריסט זי טאמאַשעווסקי, ערגרייפט איהר האַנד און מיט שטילע טריט וואַנדערן זיי דורך די שמאָלע ענגע געסליך פון שטעדטיל.

באַלד דערגרייכען זיי דעם וואַגען און שטייגען איין. דער קוטשער טרייבּט אָן די פערד און זיי יאָגען אַרויס אין דער שטאָק־פינסטערער נאַכט...

* * *

אַלע דיעזע ערייגניסע פליהען איצט דורך אננאַ'ס מחשבות ווי די בּילדער פון אַ פּאַנאָראַמאַ. זי קען זיך אַליין נישט אָבּגעבּען קיין דין־וחשבון, אויב זי האָט ריכטיג געהאַנדעלט געגען איהרע עלטערן אָדער נישט. מיט זעהנזוכט ערוואַרט זי שוין די מינוט, עס זאָל ווערען טאָג און זי זאָל וויסען וואו זי געפינט זיך.

דורך די פענסטערליך פון'ם געשלאָסענעם וואַגען הייבּען זיך אָן צו ווייזען שטראַהלען פון ליכט. די שטאַרק־פינסטערע נאַכט ענדיגט זיך און באַלד איז עס שוין אויף אַזוי פיעל ליכטיג, אַז אננאַ קען זעהן וואו זי איז.

מיט איהר האַנד־שוה ווישט זי אָבּ די פייכטע פענסטערליך און קוקט אַרויס. זיי געפינען זיך אויף אַ גלייכען וועג, צווישען ווייטע גלייכע פעלדער. ס'איז אַ לאַנגווייליגע, מאָנאָטאָנע לאַנדשאַפט.

— ביזט געשלאָפען, מיין ליעב קינד? — פרעגט זי טאמאַשעווסקי, דריקענדיג צערטליך איהר האַנד.

— אַ ביסעל געדרימעלט האָב איך! — ענטפערט אננאַ — וואו זענען מיר איצט?

— באַלד, באַלד וועלען מיר צו קומען צו אַ קרעטשמע, וועלען מיר פריה־שטיקען — ענטפערט טאמאַשעווסקי.

טאַקי באַלד פערפאָהרען זיי פאַר אַ גרויסער קרעטשמע, וואו זיי קריכען אַראָבּ און טרינקען טהעע.

אננאַ בעמערקט אין טאמאַשעווסקי'ן אַ מין אונרוהע, וועלכע זי האָט ביי איהם קיינמאָל נישט געזעהן.

— וואס ביזטו אַזוי אונגעדולדיג? — פרעגט זי איהם.

— עה, עס דאַכט זיך דיר נור אַזוי! — ענטפערט טאמאַשעווסקי — קום, מיר וועלען ווייטער פאָהרען.

זיי פאָהרען נאָך איבּער צוויי שעה. שליעסליך פערפאָהרען זיי אין אַ קליין שטעדטעל און שטעלען זיך אָבּ פאַר אַ גרויסען הויז, אויף וועלכען ס'איז צו זעהן אַ שילד: „האָטעל".

באַלד עפענט זיך אַ ברייט טהויער און זיי פאָהרען אַריין אין אַ גרויסען הויף אַריין. דאָרט שטייגען זיי אָב און טאמאַשעווסקי נעמט אָן אננאַ'ן ביי דער האַנד און פיהרט זי אַרויף דורך ענגע שמאָלע טרעפּ צוויי שטאָק הויך אין אַ פינסטערען קאָרידאָר אַריין.

— דאָ וואוינסט דו? — פרעגט אננאַ דערשראָקען.

— באַלד וועסטו זעהן, מיין קינד! — ענטפערט טאמאַשעווסקי, אַרויסנעהמענדיג פון דער קעשענע אַ גרויסען שליסעל און עפענענדיג אַ טהיר.

אננאַ געהט אַריין און בעטראַכט דאס צימער. עס איז גאַנץ איינפאַך מעבּלירט, ווי אין אַ האָטעל פון צווייטען ראַנג. ביי די פענסטער זענען בעפעסטיגט אייזערנע קראַטעס.

— וואס איז דאס? — פרעגט אננאַ מיט שרעק.

— וואס זאָל דאס זיין? — ברומט טאמאַשעווסקי — מיר געפינען אונז אין אַ האָטעל... דאָ וועסטו דיך אויסרוהען און דערנאָך וועלען מיר ווייטער פאָהרען...

— אַבּער דאס זעהט דאָך עפּיס אויס ווי אַ קרימינאַל! — רופט אננאַ — האָסטו קיין בעסער האָטעל נישט געקענט בעקומען.

— ניין — ענטפערט ער קורץ — דאָ אין שטעדטיל איז פאַראַן נאָר דאס איינציגע האָטעל...

קיין ברירה, בערוהיגט זיך אננאַ, לעגט אָב דעם מאַנטעל און פרובּט זיך צו מאַכען בעקוועם.

אויך טאמאַשעווסקי לעגט אָבּ דעם מאַנטעל און נעהמט אַרויס. פערשליעסענדיג נאָך זיך די טהיר...

— וואס פערשליעסט דו מיך עפּיס דאָ? — שרייט איהם אננאַ נאָך און פרובּט די טהיר אויפצורייסען, אַבּער עס געהט נישט. באַלד דערשפּירט זי עפּיס אַ מין שאַרפען גערוך אין צימער, איבּער איהרע געדאַנקען לעגט זיך ווי אַ טיעפער שלייער, איהרע כחות פערלאָזען זי און זי פאַלט אַ ניעדער נעבּען דער טהיר — זי איז כלאָראָפאָרמירט...

---

צווייטעס קאַפּיטעל.

## אין קעלער.

ווי לאַנג אננאַ איז אַזוי געלעגען אין דעם צימער, ווייסט זי נישט. נאָר אַז זי האָט זיך אויפגעכאַפּט און אָנגעהויבּען זיך אַרומצוקוקען, זעהט זי, אַז זי געפינט זיך אין אַ קליין ענג שטיבעל אָהן פענסטער. דאס שטיבעל איז קאַרג בעלויכטעט דורך אַ קליין פערוויכערט לעמפּיל און עס שפּירט זיך אַ פייכטע, דומפּיגע לופט ווי אין אַ קעלער.

— וואו בין איך? פרעגט זי מיט שרעק — דערזעהענדיג נעבּען זיך זיצען עפּיס אַ פרעמדע פרוי מיט אַ ברייט, ווילד פּנים און אָנ'אָנגעשוואָלענע אויגען.

— צווישע מענשען ביזטו מיין קינד! — ענטפערט די פרוי מיט אַ הייזעריגער שטימע — צווישען מענשען, וואס ווילען דיין טובה, דיך גליקליך מאַכען...

— ווער זענט איהר און וואס ווילט איהר פון מיר? — פרעגט אננאַ ציטערנדיג. די פרעמדע העסליכע פרוי, מיט איהר ווילד פּנים און איהרע ווילדע בליקען ערוועקען ביי איהר אַ מין עקעל...

— איך וויל פון דיר גאָר נישט! — ענטפערט די פרוי גלייכגילטיג — מען האָט מיר געהייסען דאָ נעבּען דיר זיצען, זיץ איך...

— אויב איהר זענט אַ מענש מיט אַ מענשליך האַרץ און מענשליכע געפיהלע — בעט אננאַ, זעהענדיג דאס גלייכגילטיגקייט פון דער פרעמדער — האָט רחמנות אויף מיינע יונגע יאָהרען און לאָזט מיך אַרויס פון דאַנען...

— היי, היי, מיין קינד — ענטפערט די פרוי — מיר זענען דאָ ביידע איינגעשלאָסען און מוזען וואַרטען, ביז מען וועט אונז אַרויסלאָזען...

— אוי, האָט רחמנות אויף מיינע יונגע יאָהרען — בעט זיך אננאַ ווייטער.

— קוק זי נאָר אָן, ווי זי מאַכט העוויות! — ברומט די פרעמדע פרוי — מען עסט דיך דאָ נישט אויף! קיינער האָט דיר קיין קרום וואָרט געזאָגט און זי הערט נישט אויף צו בעטען רחמנות! וואס איז דער מעהר מיט דיר? איך בין אויך אַ מאָל געווען אַזאַ יפה־פיה ווי דו...

זי דרעהט שנעל אין איין אָטהעם. אַזוי אַז אננאַ קען זי קוים פערשטעהען. זי זעהט, אַז איהר בעטען און וויינען איז אומזיסט. זי דערקענט, אַז זי איז מיאוס אַריינגעפאַלען און האָט בלויז איין וואונש, צו וויסען, וואס מיט איהר וועט געשעהען...

איהר וואונש ווערט תיכף בעפריעדיגט. באַלד עפענט זיך די טהיר און ס'קומט אַריין איהר בעקאַנטער טאמאַשעווסקי.

אננאַ קוקט איהם אָן מיט איהרע גרויסע דערשראָקענע אויגען.

ער געהט צו איהר צו און וויל זי אָננעהמען ביי דער האַנד.

— אַוועק פון מיר, די אונמענשליכע בּריאה! — רופט אננאַ מיט כעס — אַט אַזוי זעהט אויס דאס גליקליכע לעבען, וועלכעס דו האָסט מיר צוגעזאָגט צו פערשאַפען...

— איך האָב צוגעזאָגט און וועל האַלטען וואָרט! — ענטפערט ער מיט אַ סאַטירישען שמייכעל — איך וועל דיר פערשאַפען אַזאַ גליק, אַז אַלע פרויען און מעדכען וועלען דיך מקנא זיין... דו וועסט טראָגען קליידער פון די טהייערסטע שטאָפען, דיאַמאַנטען און בריליאַנטען וועלען ציערען דיין העדליכע געשטאַלט. וועסט זיין העררין אין די שענסטע סאַלאָנען און אַ מעכטיגער הערשער וועט דיר ליעגען ביי די פיס און געהאָרכען דיינע בעפעהלע — אויב דו וועסט נאָר האָבּען שכל און פערשטעהען אויסצונוצען דעם איינפלוס פון דיין בעצויבּערנדער שענקייט.

— איך בין דיר אָבּער מוחל דיין נוטסקייט — זאָגט אננאַ — איך דאַנק דיר פאַר אַלע דיעזע העדליכקייטען. דאס גרעסטע גליק פאַר מיר וועט זיין, צוריק־צוקעהרען צו מיינע עלטערן, וועלכע שטאַרבּען אפשר דאָרט פאַר פערצווייפלונג וועגען מיין פערשווינדען...

(פאָרטזעצונג קומט).

# די יודישע וועלט.

## א יודיש־נאציאנאלע וואהל־קוריע אין דער בוקאווינא.

אין דעם בוקאווינער לאנדטאג ווערד איצט בעראטהען ווענען דער רעפארם פונ'ם וואהל־רעכט פאר דיעזען לאנדטאג. לויט דעם א יסנעארבייטעטען פראיעקט וועלען דארט איינגעפיהרט ווערען בעזונדערע נאציאנאלע קוריען: א רומענישע, א רוטהעניזשע, א: א דייטש־יודישע. די דייטש־יודישע וועט אָבער בעזונדער׳ס געטהיילט ווערען אין צוויי טהייל, אזוי אז די יודען וועלען וועהלען אין א בעזונדערע קוריע 7 מיטגליעדער צום לאנדטאג. אויך א יודיש מיטגליעדער אינ׳ס לאנדעסאויסשום וועט זיין געזעצליך בעשטימט. אויב דיעזע וואהל־רעפארם וועט איינגעפיהרט ווערען, וועט דאס זיין דער ערשטער שריט פאר דער געזעצליכער אנערקענונג פון דער יודישע נאציאנאליטעט אין עסטעררייך.

## עקסצעסע געגען יודען אין שטשאווניצא.

די גאליציעשע בעדער צייכנען זיך תמיד אויס מיט זייער אנטיסעמיטיזמוס. די יודישע קורגעסט, וואס קומען דארטהין זוכען רפואות, ווערען זעהר שלעכט בעהאנדעלט. חאטשי זיי בילדען דאס רוב פון די קורגעסט און אהן זיי וואלטען די קור־פערוואלטונגען קיים געקענט דעקען די הוצאות.

בעזונדערס צייכנעט זיך אויס אין אנטיסעמיטיזמוס דאס קוראָרט שטשאווניצא; דאָרט ווערען יודען אין לאנגע בעקעשעס נישט איינגעלאזט אין קורפארק אריין, חאטשי זיי בעצאהלען די טאקסע, און אלס ט;ם ראצו זאגט מען. אז דעם פארק האט אָבגעדונגען דער סאקאָל־פעראיין פון זיינעטוועגען.

פאר צוויי וואָכען אבער איז דא־ט פארגעקומען א פאקט, וואָס איבערשטייגט נאָך אלע ביזהעריגע. דער קור־סטראזניק האט נעפאקט א יוד אין פארק, וואָס האָט זיך נישט געקענט אויסווייזען מיט א טאקס־קא־טע. דער יוד פערענטפערט זיך, אז ער האָט מיטגעברענגט א אָיינצייגניש און איז בעפרייט פון צאהלען טאקסע. אבער דעם סטראזשניק איז דאס נישט גענוג. ער פאקט דעם יוד ביים קראגען און שלעפט איהם אין די קאנצליי. דאבייי שטויסענדיג און שלאָגענדיג איהם אויף א ברוטאלען אופן. מעהרערע יודישע קורגעסט, וואָס זענען דאבייי געשטאנען, האָבען זיך פאר דעם ארימען יוד אנגענומען און איהם געוואלט בעפרייען פון דעם סטראזשניק'ס האנד. ס'זענען אבער אָנגעקומען עטליכע גוראלעס און דער סטראזשניק האָט זיי אָנגעהויבען העצען געגען די יודען. ווער ווייסט, צו וואָס ס'וואָלט געוועזען געקומען, ווען ס'קומט נישט צופעליג אן דער קור־קאָמיסער און צעטרייבט דעם עולם. אָבער אויך ער האָט די יודען בעשימפט און געוואָרענט, זיי זאָלען נישט רייצען די קריסטען, ווייל „ס'וועט זיין שלעכט!"

די אנטיסעמיטישע פרעסע — דארונטער אויך דער „וויעק נאווי". וועלכער איז איינגענטהום פון יודישע כלל־טהוערס — האָבען פון דער זאך אין געוועהנליך אונפערשעמטער א־ט געמאכט א גאנצען צימעס. בעהויפטענדיג אז יודען זענען אין שטשאווניצא איבערפאלען די קריסטען און געוואָלט מאכען א פאָגראָם...

איצט וועט ווייטער קומען די פוילישע פרעסע און פערלאנגען, אז יודען זאָלען נישט פאָהרען אין אויסלענדישע בעדער, נאר אין „קאמפיעלע קראיאָווע"!...

## א צלם אין א יודישער פאלקסשולע.

אין מעהרען עקסיסטירען נאָך ביז היינט יודישע געמיינדען, וועלכע האָבען פאָליטישע אויטאָנאמיע און ווערען בעטראכט אלס פאָליטישע געמיינדען פאר זיך. יעדע געמיינדע האָט איהר געמיינדעראטה, בירגערמייסטער און אלע אויטאָנאָמיע בעהערדען, חאטשי אין דערזעלבער שטאָדט עקזיסטירט אויך א אלגעמיינע פאָליטישע געמיינדע. לויט געזעץ מוז יעדע געמיינדע אויסהאלטען פאלקסשולען אויף איינענע הוצאות. אין דער געמיינדע לאמניין איז איצט פארגעקומען פאלגענדע קוריאָזע געשיכטע. דארט עקסיסטירט א יודישע געמיינדע אין א קריסטליכע. די יודישע געמיינדע ווערד אָבער פון יאָהר צו יאָהר קלענער דורך אויסוואנדערונג עטצ. אזוי אז אין דער יודישער פאלקסשולע זענען היינט פערהאנען 12 יודישע און 30 קריסטליכע תלמידים. אָבער די שולע מוז אייגנעהאלטען ווערען אויף יודישע הוצאות. איצט איז נאָך צוגעקומען עפיס נייעס. דער קאטאָלישער לאמניצער גייסטליכער. וואָס ערטהיילט רעליגיאָנס־אונטערריכט אין דער יודישער שולע פאר קריסטליכע קינדער, האָט פערלאנגט. מען זאל קויפען פאר קהל'ס געלד א צלם און איהם איינהענגען אין דער שולע. די געמיינדע האָט דאגעגען פראָטעסטירט צום לאנדעסשולראטה, און אפשר וואָלט זי געוועזען נעפועל'ט, איז אָבער דער בישאף פון ברין געפאלען אויף א המצאה און געזאגט: מילא צווינגען די יודישע געמיינדע. צו קויפען א צלם פאר זייער געלד. איז טאקי נישט כדאי. ער קויפט איבער־דעם א צלם אויף זיינע הוצאות און שענקט איהם דער שולע. איצט האָט שוין דער לאנדעסאויסשוס נישט געקענט „מעיז־פנים" זיין און האָט דאס פערלאנגען פונ'ם גייסטליכען בעשטעטיגט. די יודישע געמיינדע האָט זיך געווענדעט מיט א רעקורז צום קולטוס־מיניסטעריום. די ענטשיידונג פונ'ם מיניסטעריום וועט האָבען א גרויסע פרינציפיעלע בעדייטונג פאר אלע יודישע קהלות, ווייל אזעלכע זאכען קענען זיך עפטערס טרעפען אין יודישע שולען, וואָס ווערען אויך בעזוכט פון קריסטליכע שילער.

## די אונגליקליכע פאמיליע ראטהשילד.

ע־שט נישט לאנג האָט דער טיאניזער טוירט פון דעם באראָן אָסקאר ראטהשילד א־ויסגערופען א גרויס סענזאציע און די צייטונגען האָבען ביי דיעזער געלעגענהייט בעמערקט, ווי זעהר דער וויענער ראטהשילד ווערד פערפאלגט פון אונגליק אין זיין פאמיליע.

נישט גליקליכער פון איהם איז דער פא־יזער באראָן גוסטאוו ראטהשילד מיט א פאר יאָהר צוריק איז זיינע א טאָכטער ציפעליג דערשאָסען געוואָרען, ווען זי איז געוועזען אויף דער יאגד מיט עטליכע ענגלישע אריסטאָקראטען. פ־יהער מיט עטליכע יאָהר איז איהם געשטאָרבען א יונגער זוהן און ע־שט נישט לאנג איז געשטאָרבען זיין טאָכטער, לעדי שעון. די פרוי פונ'ם בעקאנטען מיליאָנער און מיטגליעד פון ענגלישען פארלאמענט עדוארד שעון. דער טוירט פון דער לעדי שעון איז אָבער א גרויסער פערלוסט נישט נאָר פאר דער פאמיליע ראטהשילד, נאָר אויך פאר דער גאנצער יודישער בעפעלקערונג אין לאנדאָן. די פערשטארבענע. זייענדיג איינע פון די גרעסטע אריסטאָקראטקעס אין ענגלאנד, איז געוועזען א ווארמע יודישע טאָכטער אין א גרויסע וואָהלטהעטערין. הונדערטע יודישע א־מע מיידליך האָט זי געלאזט אויסבילדען אויף איהרע הוצאות, טויזענדע יודישע פאמיליעס האָט זי פערשאפט עקסיסטענצען. די יודישע אָרימע קרייזען פון לאָנדאָן בעקלאגען איהר טוירט, נישט ווייניגער ווי איהר פאטער און איהר מאן.

## פון ארץ־ישראל.

— דאס קומענדיגע יאָהר (תר״ע) איז א שמיטה־יאָהר און מיט דער פראגע האָבען זיך די לעצטע צייט פערנומען אייניגע וויכטיגע רבנים. מען האָט בעשלאָסען זיך נוהג זיין, ווי אין די פריהערדיגע יאָהרען. דאָס הייסט מאכען א שטר־מכירה צו א גוי — ווי מען איז נוהג וועגען חמץ־פערשרייבען. וועגען דעם האָט איצט דער יפוער רב צושיקט א בריעף צו אלע קאלאניעס, אין וועלכע ער ערקלערט. אז ביי דער יעצ־יגער עקאָנאָמישער לאגע פון ישוב קאָן דאָס פערלאָזען פון דער ערד אויף א גאנץ יאָהר — אומוואָרפען דעם גאנצען ישוב. און דעריבער פאָדערט ער אויף אלע קאָלאָניסטען, אז זיי זאָלען אויסשטעלען שטר־מכירות און זיי צושיקען דעם רב. דאָך וועט ברענגען א גרויסען שאָדען דאָס, וואָס די יודישע ארבייטער וועלען ניט טאָרען טהון א טייל ארבייטען, דערמיט ווערט צושטערט דער גאנצער פלאן פון די יודישע ארבייטער, וועלכע ווילען זיך פעסטזעצען אין פאלעסטינא.

— זייט א קורצע צייט איז אין ארץ־ישראל דאָ העברעאישע פאסט־מארקעס.

## פראפעסאר ר׳ משה בלאך געשטארבען.

אין בודאפעסט איז אם 6 אויגוסט געשטאָרבען דער בעריהמטע געלעהרטע, דירעקטאָר פון בודאפעסטער ראבינער־סעמינאר ר׳ משה בלאָך, 94 יאָהר אלט. דער פערשטאָרבענע איז געווען איינער פון די גרעסטע יודישע געלעהרטע אין אונגארן. ער האָט פערפאסט מעהרערע ספרים, דארונטער דאס בעקאנטע ווערק „שער תורת התקנות" ווי אויך אייניגע וויכטיגע יודישע וויסענשאפטליכע ביכער אין דייטשער שפראכע. תנצב״ה.

## א געוועזענער לארד־מער געשטארבען.

אין לאָנדאָן איז געשטאָרבען אים אלטער פון 80 יאָהר סיר האנרי אהרן אייזיקס. דער ערשטער יודישער לארד־מער (בירגערמייסטער) פון לאָנדאָן אין די יאָהרען 1889 1890. סיר אייזיקס איז געווען איינער פון די אנגעזעהענסטע יודען אין לאָנדאָן. אינטערעסאנט איז, אז ווען ער איז געוועהלט געוואָרען צום לאָרד־מער איז אויסגעקומען, אז די בעגריסונגס־צערעמאָניע פונ'ם נייעם לארד־מער זאָל פאלען אים שבת. ביי דיעזער צערעמאָניע בעדארף ער אָבער פאָהרען דורך די גאסען פון דער שטאדט. סיר אייזיקס האט זיך משתדל געווען, אז די צערעמאָניע זאל אָבגעלעגט ווערען אויף מאָנטאָג, ווייל ער האָט נישט געוואָלט מחלל־שבת זיין.

## דער רוסישער קריעגסמיניסטער הייראטהעט א יודיש מיידעל.

לויט ידיעות פון רוסישע צייטונגען, וועט דער רוסישער קריעגסמיניסטער סוכאָמלינאָו אין גיכען צום צווייטען מאָל חתונה האָבען מיט א יודיש מיידעל. פון די קיעווער בראָדצקי'ס. ווי בעקאנט, איז סוכאָמלינאָוו פריהער געווען גובערנאטאָר אין קיעוו און דארט האָט ער זיך מיט דעם מיידעל בעקענט. ער האָט שוין געדונגען א נייע וואָהנונג אין א שען הויז אין פעטערסבורג, וואו ער וואָהנט שוין צוזאמען מיט זיין צוקינפטיגער פרוי.

# די פרויען־וועלט.

## א מערכען אלס שטאאטסאנוואלט.

אין דענעמא־ק איז קירצליך פרייליין הענני פעטערזען ערנאנט געווארען צום שטאאטס־אנוואלט ביים אבער־סטען געריכטסהאף.



פרייליין הענני פעטערזען.

פ־ייליין פעטערזען האט געענדיגט איהרע יוריסטישע שטודיען מיט גרויסען ע־פאלג און זי גילט אלס זעהר ענערגישע פערזענליכקייט, וועלכע וועט אין איהר נייעם בערוף זיך בוודאי ווייזען זעהר טיכטיג.

## א כינעזישע פרינצעסין אלס שטודענטין.

די כינעזישע פרינצעסין קאנק־טינג־פיה, די טאכטער פונ'ם כינעזישען רעפא־מער נאנג־יו־וועטי, האט איצט אין דעם ענגלישען בארנארד־קאלעדש (א האך־שולע פאר פרויען) געענדיגט איהרע שטודיען מיט א גלענצענדען עקזאמען. זי וויל איצט צוריק פאהרען קיין כינא דארט גרינדען א פרויען־קלוב לויט אייראפעאישען מוסטער און איינפיה־ען פרויען־שולען אנגעהויבען פונ'ם קינדערגארטען ביז צו א אוניווערזיטעט.

## נייע בעשעפיגונגען פאר פרויען.

אין אמעריקא איז איצט די פרוי מארי גרין גע־ווא־ען קאמאנדאנטין פון א דאמפף־שיף אויף דעם אהיא־פלוס; פרוי העריעט פישער האט אבגעלעגט דעם עקזא־מען אלס שלאסער־מייסטערין; פרוי דזעני נארדאן האט ערעפענט א קאוואל־ווערקשטעטע און קאוועט אליין פערד.

## הויט־פארב און שמוק.

מארע־דאמען געבען בעזונדער אכטונג דארויף, אז זייער שמוק זאל פאסען צו זייער הויטפארב, בעזונדערס ביי רינגען און ארמבענדער. אויף דונקלע הענד זענען בעזונדערס ווירקזאם סאפיר־ און אפאל־שטיינער. פאר ווייסע הענד פאסען אם בעסטען פערל. טירקיזען און דיאמאנטען.

## א יודישע ארוואקאטין אין רוסלאנד.

פאר קורצען איז אין דער פעטערסבורגער אוניווער־זיטעט מיט גרויס פאראד איבערדייבט געווארען דעם פרייליין דר. קאטהארינא פ ל י י ש ע ר דאס אדוואקאטען־דיפלאם. פרייליין פליישער האט געענדיגט איהרע יוריס־טישע שטודיען אין פאריז, וואו זי האט בעקומען דעם טיטעל „דאקטאר“ און איצט האט זי אין דער פעטערס־בורגער אוניווערזיטעט אבגעלעגט די אדוואקאטס־פריפונג. זי איז די ערשטע אדוואקאטין אין רוסלאנד.

## א אמעריקאנישע אדוואקאטין אין עסטערייך.

פון ניו־יארק איז מען מודיע, אז דיעזע טעג איז אבגעפאהר־ען קיין גאליציען די אדוואקאטין זאפיע מ א י ע ר, כדי ביים בעצירקסגעריכט אין ראדלאוו צו פערט־עטען די אינטערעסען פון איה־ע קליענטען הערמאן עה־ענהאפט, אנ'א־ימען יודישען שניידער און זיינע דריי שוועסטער. אין ניו־יא־ק. עס האנדעלט זיך וועגען א ירושה פון 800,000 ק־אנען וועלכע זייערס א מוהמע, א געשמר'טע יודין, האט א־בערגעלאזט. די עסט־ייכישע רעגיערונג האט בעוויליגט, אז די ארוואקאטין זאל מעגען אויפטרעטען ביים געריכט.

## נעגען מערכען־האנדעל.

קיין ווארשוי איז א־אבגעקומען דער הויפט־אינס־פעקטאר צום אויפנעהמען עמיגראנטען אין ניו־יארק, ה' מ. ב ר ו י ן, וועלכער א־ז ארויסגעשיקט געווארען פון דער אמעריקאנישער רעגיערונג קיין אייראפא. אויפצוזוכען מיט דער הילף פון דער אייראפעאישער פאליציי די ערטער וואו עס ווערד בעט־יעבען דער מערכען־האנדעל און אונשעדליך צו מאכען די פערברעכער, וואס האנדלען מיט „לעבענדיגער סחורה“.

## קאנקורענץ פון אקושערקעס.

בעת אין ווינען בעקלאגען זיך די אקושערקעס, אז זיי קענען נישט גענוג פערדינען צום לעבען און פער־לאנגען עס זאל איינגעפיהרט ווערען א נייער טא־יף, לויט וועלכען די הכנסות פון די אקושערקעס זאלען פערגרעסערט ווערען, אזוי אז שוין דאס קומען אויף דער וועלט וועט יעדען מענש קאסטען א היבש ביסעל געלד — הערשט אין דערזעלבער צייט אין רוסלאנד א שטאר־קער איבערפלוס אין אקושערקעס. אזוי אז אין פיעלע שטעדט רייסען זיי זיך איינע מיט דער אנדערער ביי די שלייערים וועגען יעדער קינדבעטא־ין.

די אורזאכע דאפון איז, אז אין די לעצטע יאה־רען האבען זעהר פיעל מיידליך, בעזונדערס יודישע טעכטער, זיך געווידמעט דעם מעדיציניש שטודיום, און נישט קענענדיג ענדיגען די אוניווערזיטעטען זענען די בעקאנטע טעמים, זענען זיי וועגענסטענס געווארען אקו־שערקעס אדער דענטיסטקעס, ווייל דאצו איז גרינגער צו־צוקומען.

אין א רוסיש־יודישער צייטונג לעזען מיר וועגען דעם איבערפלוס פון אקושערקעס נאכשטעהענדען בעריכט אוים לובלין:

ס'נישטא קיין הויז עס זאל דערינען נישט זיין אנ'אקושערין. אין מאנכע הייזער איז דא צו צוויי און צו דריי. און דאפון טרעפען זיך פערשידענע נישט־אנגע־נעהמע סבות. אט האט זיך א יוד געטראפען א מעשה. זיין ווייב איז געגאנגען צו קינד, איז ער אוועקגעלאפען נאך א אקושערין. טרעפט ער זי נישט אין דער היים, וואהנען אבער אויף דעמזעלבען הויף נאך צוויי אקושע־רינס. דערזעהט איהם איינע פון זיי און פרעגט: „פעטער, אפשר אנ'אקושערין דארפט איהר?“ ענטפערט ער: „יא! אבער זי איז נישטא אין דער היים!“ זאגט זי: „נעמט־זשע מיך, איך בין אויך אנ'אקושערין!“ זאל זיין אזוי — קלערט דער יוד ביי זיך און וויל מיט איהר געהען, דערזעהט אבער די צווייטע אקושערין, לויפט ארויס אויף'ן הויף און רופט: „נעמט ליעבער מיך, איך בין בילינער!“ רופט די ערשטע: „ניין, איך בין בילינער!“ דער יוד ווייסט נישט וואס צו טהון, ער לאזט זיך ארויסגעהען, אבער ביידע אקושערקעס געהען איהם נאך. — אהיים־קומענדיג ט־עפט ער נא־ דארטען א דריטע אקושערין. מען האט זיך אויף איהם נישט געקענט דערווארטען און דערוויל ארייגגערופען די אקושערקע פון געגענאיבער. אבער דאמיט איז נאך נישט גענוג. די ערשטע אקושערין, אהיים־קומענדיג און הערענדיג, אז דער יוד האט זי גע־זוכט, לויפט זי צו איהם און שרייט: „מיך האט מען די ערשטע גערופען!“ די איבריגע אקושערקעס שווייגען נישט, ס'ווערט א שקאנדאל, די קולות און געוואלדען הערען זיך ביז אויף דער גאס און די קינד־בעטא־ין הייבט אן צו חלש'ן. ווערד דער יוד אין כעס, טרייבט אלע 4 אקושערקעס ארויס און רופט נאר א פינפטע...

אויב די מעשה איז נישט איבערטריבען, איז זי כאראקטעריסטיש פאר די משונה'דיגע קאנקורענץ־פער־העלטעניסע פון די אקושערקעס אין די יודישע שטעדט...

## שאלות ותשובות.

(אין דער רובריק ווערען אויפגענומען פערשיעדענע פראגען פון ם פובליקום, אויך אנטווארטען דארויף, נאר מ'זען די פראגען ווי די אנטווארטען זיין זאכליך און קורץ געשריעבען)

### א פראגע צו מיינע חברט'עס.

איך בין א מיידעל פון 18 יאהר; מיינע עלטערן זענען שטרענג פרומע יודען, מיך אבער דאבען זיי גע־לאזט ע־ציעהען אויף'ן מאדערנעם אופן. איך האב גע־ענדיגט די שולען, בעזוכט העכערע קורזען, געלערנט שפ־אכען עטצ. איצט ווילען זיי מיך פערהייראטהען מיט א קליינשטעדטילדיגען חסיד'ישען בחור. איך האב מורא, אז איך וועל מיט איהם נישט קענען פיהרען קיין לעבען, וויל אונזערע אנשויאונגען איבער'ן לעבען זענען גאר פערשיעדענע. פון דער אנדערער זייט אבער שמערצט עס מיך, אבצוזאגען מיינע עלטערן, וויסענדיג, אז זיי וועלען דאפון האבען גרויס קרענקונג. — אפשר קענען מיר מיינע קאלעגינען ראטהען, וואס איך האב צו טהון?

ד ב ו ר ה.

## הויז־ווירטהשאפט.

— דאס געליכיל פון א צערבראכען איי בלייבט לענגער פריש, ווען מען איבערגיעסט עס מיט וואסער.

— קליידער־פלעקען, וואס זענען פעראורזאכט גע־ווארען דורך שטראסענבלאטע און לאזען זיך נישט אב־רייבען מיט דער בארשט, פערשווינדען גרינג, ווען מען רייבט זיי אב מיט א שטיק רוהער קא־טאפעל.

— כדי צו פערהינדערן דאס רויכערן פון לאמפען איז גוט איינצוטינקען דעם קנויט אין שטא־קען עסיג און איהם דערנאך לאזען גוט אבטריקענען. דעמאלט ברענט דער לאמפ אהן רויך און אהן יעדען דונסט.

— ביי אנפאלע פון מיגרענע איז עס אם בעסטען צו געניעסען א טהעע־לעפעל זאלץ, אויפגעלעזט אין וואסער. דאס שוועכט תיכף אב די קראנקהייט.

# באנק־רויב און מארד אין פיומע.

אין דער אינגאַרישער האפען־שטאדט פיומע איז פאַרינען מיטוואָך פאַרגעקומען א רייבערישער איבערפאַל פון רוסישע טעראָריסטען איבער א באנק, וועלכער האט אַרויסגערופען די גרעסטע אויפרעגונג נישט בלויז אין גאַנץ אונגאַרן, נאר אויך אין עסטערייך און אין דייטש־לאנד. עס וועט זיין זייער טרויריג, ווען די רוסישע טעראָריסטען וועלען אַריבערטראָגען זייערע טעראָר פון רוסלאנד קיין אויסלאנד און דאס וואס זעהר פיעל שאַ־דען די איבריגע רוסישע עמיגראַנטען אין די אייראָפּע־אישע לענדער.

דער איבערפאַל איז געשעהען אויף דעם פאלגענדען אופן: די פיומאַנער פאלקסבאַנק געפינט זיך אויף איינער פון די בעלעבסטע שטראַסען אין שטאדט ס'איז געווען געגען 10 א זייגער פארמיטאַג. אין באנק איז געראָדע געזעסען דער דירעקטאר מילאָסעוויטש. א יונגער מאַן פון 32 יאהר, וועלכער האט פערטרעטען דעם אויף אורלויב אוועקגעפאהרענעם קאַסיער. חוץ איהם איז אים לאָקאל נאך פאָרהאנען געווען דער דיענער פון דער באנק, ווי אויך א דיענער פון דער אַלגעמיינען קרעדיט־באנק, וועלכער האָט מיט זיך געהאט 4000 קראָנען.

פּלוצים זענען אַריינגעקומען דריי פרעמדע פער־שוינען, וועלכע האָבען אונטער זיך פערשלאָסען די טהיר. צוויי פון זיי ווענדען זיך צו די דיענער מיט געצויגענע רעוואָלווערס, רופענדיג: „גיבט אַרויס דאס געלד!" דער דריטער לאזט זיך צו צום דירעקטאר. דער דירעקטאר וויל שנעל אַיילען צום טעלעפאן רופען הילף. אין דער מינוט אבער שיעסט דער באַנדיט אויס פונ'ם רעוואלווער און דער דירעקטאר פאלט אַניעדער שווער פערוואונדעט.

דערווייל האבען די אַנדערע צוויי צוגענומען פון דעם דערשראקענען דיענער די 4000 קראנען, וועהרענד דער דריטער האט זיך אבגעפּאַרעט ביי דער קאַסע, צו־געהמענדיג א היבשע סומע געלד. (מען שמועסט פון 80,000 קראנען). די דיענער זענען געשטאַנען ווי פער־שטיינערט פאר שרעק און האבען עס נישט געוואַגט זיך צו ריהרען.

איצט עפענען די באַנדיטען די טהיר און לויפען אַרויס. דער רעוואלווער־שאָס האט אבער אויפגעוועקט דאס פובליקום אויף דער גאס, וועלכעס האט זיך אנגע־הויבען זאַמלען נעבען דעם באַנק־געביידע. די באַנדיטען זעהענדיג דעם עולם, הייבען זיי אָן צו אנטלויפען, שיע־סענדיג מיט רעוואלווערס נאך אַלע זייטען. אין עטליכע הייזער האבען די קוגעלן אויסגעשלאגען די שויבען, אבער מענשען זענען נישט געטראָפען געוואָרען.

פין אַלע זייטען זענען זיי נאָכגעלאָפען פערשיעדענע מענשען פונ'ם פובליקום, אויך עטליכע פאליציסטען, ס'איז אבער געלונגען, בלויז איינעם פון זיי צו פאקען, די אַנדערע צוויי אנטלויפען און פערשווינדען.

ביי דעם געפאקטען האט מען געפונען די 4000 קראנען, וועלכע ער האט צוגענומען ביים דיענער פון דער קרעדיט־אַנשטאַלט. ביים פערהער דערצעהלט ער, אז ער הייסט שלמה קישיניעווסקי, איז 23 יאהר אַלט און שטאמט אב פון אדעס. ווער זיינע חברים זענען, האט ער נישט געוואלט אויסזאָגען — דער פערוואונדעטער באנקדירעקטאר איז באַלד געשטארבען.

די פאליציי פון פיומע האט זיך תיכף טעלעג־ראַפיש געווענדעט צו דער פאליציי אין אלע גרויסע שטעדט, נאכצופאַרשען וועגען די פערברעכער. דער בודאפעסטער פאליציי איז עס אויך געלונגען צו אַרעס־טירען א געוויסען אַברהם קריטשעשקין. ביי וועלכען מען האט געטראפען א גאַנצע מענגע בריעף און פאטאגראפיעס. לויט וועלכע ס'איז געלונגען אויפצודעקען די גאנצע חברה. קריטשעשקין האט דערצעהלט, אַלע דריי באַנדיטען זענען רוסישע דעזערטערע, וועלכע האבען זיך א צייט לאַנג אַרומגעדרעהט אין גאַליציען, אין וויען, אונגאַרן און אין דייטשלאַנד. שליעסליך האבען זיי געפאסט דעם פלאַן, אויסצופיהרען א רייבערישער אנפאַל אויף א באנק. גע־וועהלט האבען זיי דאַצו פיאומע, ווייל פין א האַפען־שטאָדט איז גערינגער צו אנטלויפען. דער איבערפאַל איז געווען גוט פארבערייטעט; זיי זענען שוין פריהער מיט עטליכע טעג געווען אין פיאומע, וואו זיי האבען דורכשטודירט דעם גאַנצען פלאַן. די נעמען פון די צוויי אַנדערע באַנדיטען זענען מיכאל ספעקטאר און פעטער אָרלאָוו. ס'איז אויך שוין געלונגען, זייערע שפורען צו ענטדעקען. דער פערהאַפטעטער קריטשעשקין האט נעמליך בעקומען א בריעף. אין וועלכען די באַנדיטען טהיילען איהם מיט, אז זי ערוואַרטען איהם אין אַנטווער־פען, פון וואַנען אלע וועלען אבפאַהרען קיין אַמעריקא. די פאליציי האט תיכף דאַפון פערשטענדיגט די אַנטווער־פענער פאליציי און לויט ידיעות פון דארט, זענען זיי שוין פערהאפטעט געוואָרען.



די טעריטאָריאַליסטען קאָנפערענץ: די טהיילנעהמער אין דער קאנפערענץ.



די יורען אין פערויען: פערזישע יורען שעכטען דעם קרבן־פסח.



יודען אין פערזיען: אַ יודישע פאמיליע פון שיראַס.

# דער גענעראל־שטרייק אין שוועדען.

דער געוואַלטיגער גענעראַל־שטרייק אין שוועדען, אין וועלכען ס'נעהמען אנטהייל איבער 300,000 אַרביי־טער, איז נאך נישט געענדיגט. די אַרבייטגעבער און די אַרבייטער זענען איינגעשפאַרט. קיינער וויל נישט נאָכ־געבען.

אבער די פּאָזיציע פון די אַרבייטער איז שוין שטאַרק געשוואכט; הויפטזעכליך, ווייל דער שטרייק פער־ברייטערט זיך נישט, די אייזענבאהנען קורזירען רעגעל־מעסיג, און דער פערקעהר אינ'ם לאַנד און מיט'ן אויס־לאַנד איז נישט אונטערגעבראָכען געוואָרען. אויך זאנסט האָבען די אַרבייטער פון פיעל בראנשען זיך נישט צוגע־שלאָסען צום שטרייק, אפילו די מייסטע דרוקערייען זענען אים בעטריעב.

צוערשט האט די רעגיערונג געפרובט צו פער־מיטלען צווישען די ביידע פאַרטייען. אבער ווען דאס איז נישט געלונגען, האט זיך דער קעניג אַליין אַריינגע־מישט און געפרובט מאַכען שלום צווישען די אַרבייטער און פאַבריקאַנטען, אויך דאס האט נישט געפיהרט צום ציעל און די סיטואַציע איז ווייטער פערוויקעלט ווי פריהער.

לויט בערעכנונג בעטרעגט דער שאָדען, וועלכען דער שטרייק פערורזאכט דעם לאַנד, טעגליך איבער 900,000 פראַנק.

אים גאַנצען לאַנד הערשט א זעלטענע רוהע און אָרדנונג. די שטרייקענדע געבען אכטונג דאַרויף, ס'זאָל נישט קומען צו קיין אויפרעגונגען, ווייל דאס קען נאָר שטערען זייער אַרבייט. אין די שטעדט, וואו ס'איז פאַר־האַנען ווייניג פאָליציי האָבען די שטרייקענדע איינגעריכ־טעט א איינענע „זיכערהייטס־וואך", כדי צו האַלטען



די יורען אין פערויען: א גרופע יורען פון האַמאַראַן.

ארדנונג. מיטגליעדער פון דער זיכערהייטס־וואָך זענען אויך פיעל פרויען.

די זעלטענע אחדות פון די שוועדישע ארבייטער האט ארויסגערופען פערוואונדערונג און מיטגעפיהל צווישען די ארבייטער־ארגאניזאציעס פון דער גאנצער וועלט, און פון איבעראל קומט־אן מאטעריעלע שטיצע פאר די שטרייקענדע.

דער צענטראל־קאמיטעט פון די דייטשע פראפעסיאנעלע ארבייטער־פעראיינען האט פערעפענטליכט א דרינגליכען אויפרוף לטובת די שוועדישע שטרייקענדע, און עס איז געעפענט געווארען א זאמלונג פון נדבות. די סאציאליסטישע צייטונג „פארווערטס" רופט־אויף די בעקערס פון ליובעק נישט צו ליעפערן קיין ברויט פאר שוועדען. דער איינענער אויפרוף איז אויך געווענדעט צו די ארבייטער פון די שעכט־הייזער אין צפון־דייטשלאנד נישט צו ליפערן קיין פלייש, אויב די שוועדישע קיילערס זאלען צושטעהן צום שטרייק.

ווי עס פערזיכערן די אנפיהרער פון דעם שטרייק, קאן דער שטרייק זיך יעצט פערשפרייטען אויך אויף די אונטערנעהמונגען, אין וועלכע דער שטרייק איז ביז יעצט נישט אויסגעבראכען, ווייל דער שטרייק־קאמיטעט האט גענומען אין אכט די געזעלשאפטליכע אינטערעסען, וועלכע קאנען דאדורך שטארק ליידען.

די ארטיגע שטרייק־קאמיטעטען האבען בעשלאסען, אז די מינים ארבייטער, וועלכע קאנען דורך זייער שטרייקען ברענגען א שאדען דעם גאנצען כלל, זאלען זיין פטור פון שטרייק, זיי דארפען ווייטער ארבייטען, ווי ביז יעצט, כדי מען זאל זיי נישט קאנען מאכען קיין פארווארף, אז זיי מאכען־אן אונארדנונגען. אזוי למשל זענען פריי פון שטרייקען די ארבייטער אין די סאניטארע אנשטאלטען, אין דער וואסערלייטונג, ווי אויך די ארבייטער אין דארף, אהן וועלכע עס קאנען אויספגר'ן די בהמות, א. ז. וו.

די פארט־ארבייטער שטרייקען. קיין טוריסטען קומען אין גאנצען נישט צופאהרען. אפילו האנדעלס־אגענטען קומען־אן זעהר ווייניג, ווייל פיעל האנדעלס־געשעפטען זענען געשלאסען. די באהן־ארבייטער זענען לויט'ן אויפטראג פון די שטרייק־אנפיהרער פרייוויליג געבליבען ביי דער ארבייט, נאר מיט דעם בעדינג, אז די באהן־דירעקציע זאל אויף זיי נישט ארויפווארפען מעהר ארבייט, ווי זיי זענען מחויב צו טהון לויט די פארשריפטען. אום ארויסצוווייזען זייער סאלידאריטעט מיט די שטרייקענדע, האבען די ארגאניזירטע באהן־בעאמטע זיך פערפליכטעט צו צאהלען יעדע וואך צו 5 שוועדישע קראָן פון א פערזאן פאר די שטרייקענדע. דאס מאכט אוים אויף רוסיש געלד 2 רובעל 55 קאפ. א וואך פון א פערזאן. אזוי ווי די צאהל ארגאניזירטע באהן־ארבייטער איז 35.000, בעטרעפט די סומע, וועלכע די באהן־ארבייטער אליין צאהלען דער שטרייק־קאסע 175000 קראָן א וואך.

עס געהען אויך קלאנגען, אז דער פערבאנד פון די פעלד־ארבייטער האט ערקלערט א שטרייק אויף די צייט פון שניט. מען האט דעריבער מורא, עס זאל נישט אויסברעכען אן אלגעמיינער שטרייק פון די פעלד־ארבייטער וועלכער קאן רואינירען די גוט־בעזיצער.

בעזונדערס שטארק גיבט זיך צו פיהלען דעם פובליקום דער שטרייק פון די בעקער־געזעלען און קיילערס; דערצו נאך איז כמעט אין גאנצען אבגעשטעלט געווארען די צופיהרונג פון פרישע לעבענס־מיטלען אין די גרויסע שטעדט. דאדורך זענען די פרייזען פון פלייש און געבעקס געשטיגען אויף 100 פראצענט. פארינגען דיענסטאג האט מען משום איינגענומען די בעקערייען מיט שטורם, ווייל עס איז שוין דעמאלט געווען דאס לעצטע פרישע געבעקס. די בעפעלקערונג האט זיך פערזארגט מיט סוחארעס און גרויסע דארפישע ברויטען, וועלכע קאנען לאנג ליגען. מען האט זיך אויך איינגעקויפט גרויסע זאפאסען מעהל. די פלייש קאנסערווען און געריכערט פלייש איז אין גאנצען אויסגעקויפט געווארען.

# דער ענגלישער קעניג אין מאריענבאד.

זוענען די פאליטישע עראייגניסע פון לעצטען ווינטער איז עס א צייט לאנג געווען א ספק, אויב קעניג עדוארד וועט דאס יאהר קומען קיין מאריענבאד, ווייל דאס פערהעלטניס צווישען ענגלאנד און עסטרייך־אונגארן איז געווען שטארק געשפאנט.

אבער די ערצטע האבען דעם קעניג דורכאויס געהייסען פאהרען און די ריקזיכט אויף זיין געזונדהייט האט זיך געוויזען שטארקער ווי די פאליטיק.

פארינגען דיענסטאג נאכמיטאג איז דער ענגלישער קעניג עדוארד אנגעקומען קיין מאריענבאד, ווי ער פערברענגט א פאר וואכען אלע יאהר און טרינקט וואסער אבצוצעהרען זיין אונגעהיערע דיקקייט.

די איינינע וואכען, וואס דער קעניג עדוארד פערווילט אין מאריענבאד, רייסט זיך דער קעניג אויך נישט אב פון אלע פאליטישע ענינים, חאטשי ער איז פערנומען מיט זיין קור און שטרענגע דיעטע. ער עסט פריהשטיק מיטאג און אבענדברויט שטענדיג אין איין צייט, און אז דאס וועטער איז שען, קאנען איהם די מאריענבאדער קור־געסט זעהן אויף דער גלאז־ווערענדא איבער דעם הויפטפארטאל פון האטעל, וואו ער וואהנט און פערנעהמט איינינע צימערן.

באלד ווי דער ענגלישער קעניג קומט אין מאריענבאד, קומט איהם געוועהנליך בעטראכטען דער דאקטאר פון באד דיר אט. נאך א גענוי'ען אויסהערען און בעטראכטען פערשרייבט איהם דער דאקטער גאנץ גענוי און אויספיהרליך די קור און ווי אזוי ער דארף זיך פיהרען אין די דריי־וואכענדיגע קוראציע אין מאריענבאד.

זעהר א איינפאכען לעבען לעבט דער קעניג איבער דער צייט פון זיין קוראציע. ער שטעהט אויף גאנץ פריה, אזוי ווי אלע מאריענבאדער קור־געסט, און דאס ערשטע גלאז מינעראל וואסער נעהמט ער נאך אין זיין טואלעטען־צימער. געוועהנליך, קומט ער אכט א זייגער אין דערפריה אויף דער קרייצברונען־פראמענאדע, אין בעגלייטונג פון זיינע צוויי אדיוטאנטען. ער מאכט דאמאלס א שנעלען שפאציערגאנג, וועלכער דויערט נישט מעהר פון 3 פירטעל שעה. דער אויבערקעלנער פון האטעל „וויימאר" וואו דער קעניג וואהנט, ווארט איהם שוין אב מיט א גלאז מאריענבאדער ברונען־וואסער, וועלכעס דער קעניג טרינקט אין קליינע שלינגען לאנגזאם, לויט דער פעראָרדנונג פון דאקטאר.

נאכ'ן שפאציער צופוס דורך דעם פארק, פאהרט ער זיך דורך שפאציערען אין א עקיפאזש, און דערנאך עסט ער פריהשטיק אין האטעל.

א פאר שעה דערנאך איז ער בעשעפטיגט מיט זיינע מלוכה־ענינים. יעדען טאג קומען אן טעלעגראמען מיט בריעף, וואס מען דארף דורכזעהן. אלי'ן ווערט גלייך אופ'ן אָרט ערלעדיגט, און עס ווערט נישט איבערגעלאזט פון איין טאג אויפ'ן אנדערן.

האלב איינס בייטאג עסט דער קעניג זעהר א איינפאכען מיטאג, וועלכער בעשטעהט פון קאטלעטען, פלאמען־קאמפאט אדער א אנדערע פרוכטשפייז, דערצו א גאנץ לייכטער מאזעל־ווייז און אם ענדע א גלאז קאווע.

ביי א שען וועטער, און אפילו ביי א רעגען, נעהמט קעניג עדוארד יעדען טאג שפאציערען נאך מיטאג, און די לעצטע יאהרען מאכט ער כמעט טעגליך א וויזיט אין דעם גאלף־קלוב, וועלכער איז א נ'ערך פון צוויי ווארסט ווייט פון האטעל. אהין פאהרט ער אדער אין א אויטאמאביל אדער אין א עקיפאזש, וואס איז בעשטימט בלויז נאר פאר'ן קעניג די גאנצע צייט פון זיין קוראציע.

אויב דאס וועטער איז שען שפיעלט דער הערצאג פאן לאנקאסטער — אונטער דעם נאמען פאהרט קעניג עדוארד פערשטעלטערהייד אויף זיינע נישט אפיציעלע נסיעות — מיט א פאר פערטרויטע פריינד זעהר אפט אין קראקעט, און דערנאך פאהרט ער צוריק אין האטעל צום אבענד־ברויט, וואס איז אזוי איינפאך, ווי דער מיטאג.

* * *

דער קעניג האט אנקומענדיג אין מאריענבאד געטראפען אין האטעל א טעלעגראמע פון קאיזער פראנץ יאזעף, אין וועלכער דער עסטרייכישער קאיזער בעגריסט איהם „אין אלטער פריינדשאפט" און ווינשט איהם א רפואה שלמה. קעניג עדוארד דאנקט תיכף טעלעגראפיש און דריקט אויס אין צופריעדענהייט, וויעדער צו בעזוכען דאס שענע קוראָרט. קיין אישל וועט דער קעניג דאסמאל נישט קומען.

# א מערקווירדיגע עהנליכקייט.

ביי דעם בעזוך, וועלכען דער צאר האט פאר צוויי וואכען אבגעשטאטעט דער ענגלישער קעניגס־פאמיליע אין קאוועס, האט זיך ארויסגעוויזען, ווי מערקווירדיג עהנליך ס'זענען דער רוסישע קאיזער און דער ענגלישער קראָנפרינץ. ביידע זענען זיך אזוי עהנליך, אז פאר א פרעמדען, וואס קען זיי נישט פון פריהער, וואלט באמת געווען שווער צו דערקענען, וועלכער פון זיי ס'איז דער צאר און וועלכער דער קראָנפרינץ פון ענגלאנד.

אויף דעם בילד, וועלכער מיר ברענגען אין היינטיגער נומער, איז דאס צו זעהען. ס'איז אבער נאר קיין חידוש, ווייל זיי זענען טאקי נאהענטע קרובים. די ענגלישע קעניגין איז דעם צאר'ס א מוהמע.

Wydawca: M. Fischer. — Odpowiedzialny redaktor: J. Kreppel. — Drukarnia Józefa Fischera w Krakowie.